# גיטיל

# דיא קרעמערקע

זייער איין אינטערעסנער ראמאן, וואס דיא לעזער וועלין זיין זייער צוא פרידין.

פון ש. ב.

## ווילנא

ЛАВОЧНИЦА.

Разсказъ Ш. Б.

Соб. изд. Л. Л. Маца.
Съ Виленскаго изданія 1898 г.

# 1.

## באַקאַנט געוואָרען.

יונגער מאַן, יונגער מאַן קומט אַריין, וואָס דאַרפט איהר
וואָס איך דאַרף האָט איר ניט.
פון וואַנען ווייסט איהר?
איך זעה אַז ביי אייך איז ניטאָ.
אפשר דאַרפט איר מאַנישקעס, שפּאַנקעס, קאַראַבוּא
ניין, איך דאַרף דאָס ניט.
אפשר טיכלעך זאַקין, שקאַרפּעטקעס, זאַנציקעס...
ניין, ניט דאָס מיין איך.
אפשר אַמעסעריל, אַשערעלע, צטאַבאַנציצע...
ניין פּריילין.
אפשר שפּולען, זייף נוטע, אַשטיקל...
דאָס דאַרף איך ניט.
וואָס דען קויפט איהר? יונגער מאַן?
קאַלאָסען, קאַמאַסין.
עס איז דאָ, קומט אַריין, איהר וועט באַקומען אַלער האַנט.
ער גייט אַריין אין קראָם.
וועלכען נומער טראָגט איהר?
נומער אַכט, אָבער אַמעריקאַנער.
אט האָט איהר יונגער העד.
גיט מיר בוקוועס.
וועלכע בוקשטאַבען, יונגער העד?
גיט אַ III. מיט 8 ·B וואָס קאָסט?
צוויא רוּביל פינף קאָפּיקעס.
(ניטל די קרעמערקע)    יעצט

יָעצְט נִיט מִיר אַפָּאר קָאמַאסִין וַוארְשְׁעוָוער .
זיא גִיט אִים טֶעבְּטִין צְטַלִיכָע פָּאר .
וָואס קָאסְט פְּרֵיילִין דִי קָאמַאסָען ?
דְרֵייא רוּבִּיל פּוּפְצִיג קָאפִּיקָעס .
וְויא פִיל אִיז צוּ נַאמָען ?
פִינְף רוּבִּיל פִינְף אוּנ פוּפְצִיג קָאפִּיקָעס .
נַאט אַייךְ אַייעֶר גֶעלְט .
וָואס נָאךְ קוֹיפְט אִיהר יוּנְגֶער הֶער ?
דָער וַוייל, נָאר נִיסְט .
זיא פַּאקְט אַיין אִין אַ פַּאפִּיר, אוּנ גִיט אִים אָפּ .
פְרַיילִין, פִילֵייכְט קָאנְט אִיהר דָאס צוּ טְרָאגִין אוֹיפִין סְטַאנְצְיָע.
וואוּ שְׁטֵייט אִיהר אַיין ?
אִין טַאסַאלֶער אַכְסַנְיָה .
אִיךְ וָועל אַייךְ צוּ טְרָאגֶען .
זיא גֵייט מִיט אִים, אוּנ אַז זַייא זֵיינֶען אָפּ גִיגַאנְגֶען אַשְׁטִיק פון קָרָאם, זָאגְט עֶר — פְּרֵיילִין, אִיךְ בִּין אַ הִיגֶער, אוּנ וַויין אִין זוּרָעלְיָע, נָאר וַוייל אִיךְ וויל מִיט אַייךְ רֵיידָען, אַיינִיגֶע וָוערְטֶער, הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט אַז אִיךְ בִּין אוֹיף אַיין אַכְסַנְיָ״ה, אַלְזָא פְּרֵיילִין, אוֹיבּ זַייא אִיז אַנְגִינֶעהם, פַארְלַאנְג אִיךְ אַז הַיינְט אָווענְט זָאלִין מִיר זִיךְ זֶעהן אִין גָארְטִין, אוּנ דָארְטָען וָועל אִיךְ מִיט אַייךְ ריידִין .
אָן וָועמָען גִיהֶערְט אִיהר אָן — אִין זוּרָעלְיָע ?
אָן שמואל גרינזאהן .
אִיהר זֵייט זֵיינֶער אַזָאהן ?
אַזוֹי זֵייןְט עָס אוֹיס, פְּרֵיילִין .
וָועל אִיךְ זַיין הַיינְט אָווינְט אִין גָארְטָען, וָוען זַייא אִיז אַנְגִינֶעהם .
נִיוּוִיס אִיז מִיר אַנְגִינֶעהם, נָאהר וויא פְּרִיה קָאנְט אִיר קוּמֶען ? מִיר מַאכֶען צוּ עָלְף אַזֵיינֶער דָעם גִישֶׁעפְט, נָאהר אִיךְ קָאן פְּרִיהֶער אַוֶועק גֵיין .
אוּהר אַכְט קָאנְט אִיהר זַיין ?
(גִיטֶעל די קְרֶעטֶערקֶע)

איךְ וָועל זיין .

אַדְיֶע , אָוִוינְט וָועל איךְ וַוארְטֶען אוֹיף אַייךְ .

צום ווידֶער זֶעהן , איךְ וָועל שוֹין זֶעהן צוּ זיין אוהר אַכְט אָווינְט .

מיר זֶעהן אוהר אַכְט אין אָוֶוענְד , זיצְט אַיוּנְגֶער מַאן אוּמְגֶיפֶער דְרַיי אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר , רייך גֶיקְלֵייד , אוּנ אִיז אַגַאנְץ שֵׁיינֶער , אוּנ לֶעבִּין אִים זיצְט אַ פְרַיילִין וָואס יֶעדֶער פַאר בַּייא נֵייעֶר גִיט אַוָּואַרְף אוֹיף אִיהר מִיט אַיין אוֹיג , זיא אִיז אוּמְגֶיפֶעהר אַיָאהר אַכְצֶעהן , שֵׁיין וִויא גָאלְד , אוּנ אַשֵׁיינֶע גִיוואוּקְס , גִיקְלֵייט נָאךְ דֶער לֶעצְטֶער מָאדֶע , אוּנ זַייא רַיידֶען בֵּיידֶע זֵייעֶר שְׁטִיל , אוּנ פוּן זֵייעֶרֶע רֵייד קָאנֶען מִיר פַאר שְׁטֵיין אַז זַייא זֵיינֶען בֵּיידֶע אוּמְבֶּעקַאנְט .

פְרַיילִין , אִיהר זַייט אַהִינֶע ?

יַא , פוּן פֶּעסְטִין נַאם .

עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען זַייא ?

נָאט צוּ דַאנְקֶען .

מִיט וָואס בֵּאשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ אַייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען ?

מֵיין פָאטֶער אִיז אַשְׁטָאלֶער .

בְּרִידֶער שְׁוֶועסְטֶער הָאבֶּען זַייא ?

צְוַוויי בְּרִידֶער הָאבּ אִיךְ , אַיינֶער הָאט חַתוּנָה גִיהַאט , עֶר וַויינְט אִין צוּרְדִינְקֶער נַאם , עֶר הַאלְט אַקְרָאם , אוּנ דֶער צְווַייטֶער בְּרוּדֶער אִיז אִין אַקַאנְטָאר .

וִויא אִיז אַייעֶר נָאמֶען פְרַיילִין ?

אִיךְ הֵייס , נִיטעל לעווין .

אוֹיבּ זַייא אִיז אַנְגֶינֶעהם מִיט מִיר בֵּאקַאנְט צוּ וֶוערִין קָאן אִיךְ זַייא פָאר שְׁטֶעלִין מֵיין נָאמֶען .

וָוארוּם נִיט , מִיר אִיז זֵייעֶר אַנְגֶינֶעהם .

אִיךְ בִּין משה גרינזאהן .

זֵייעֶר אַנְגֶינֶעהם .

אִיהר זַייט שוֹין לַאנְג אִין קְרָאם ?

צְוַויי יָאהר , אִיךְ בַּארְף דַאס נִיט נָאט צוּ דַאנְקֶען , נָאר אִיךְ

(ניטעל די קרעסערקע) וויל

ווייל וועלין ניגיט אין אונעלט מיט אידרע גישעפטין, פון שטוב זיצען קאן מען זיך נאר ניט אוים לערנען, בין איך אין דעם גישעפט, אונ איך בין שוין גיגיט אין אלער האנד סחורות, מיין ווירטין וויים גוט וויא איך בין שוין גיגיט אין אלעס, אז מען דארף שיקען נאך סחורה — פרעגט זיא ביא מיר וועלכע זארטען אוים צו שרייבען, אונ אין פאר קויפען דאס גלייבען, זיא איז פאר מיר דער לעבען, אונ דאס וועט גיווים ברענגען מיט דער צייט פיל נוצען, ווייל אייביג איז מען דאך ניט ביא דעם צווייטען.

דאס שאט גיוויס ניט, ערשטען דארף מען וויסין פון א גישעפט אונ בכלל ביא איצטיגע צייטען, אונ צווייטינס ווערט דער מענש נאר אנדערש איבער גימאכט ווען ער איז אין א גישעפט, ער זעט אונ ער הערט זיך אן פיל זאכען וואס דאס ברייגט אים מיט דער צייט פיל נוצען גייטיגע, אונ פון שטוב זיצען קאן מען נאר ניט וויסען קיין שום זאך.

גיוויס אזוי הער גרינזאהן.

אינ וואס די צייט פאדערט זיינען זייא גיוויס ניט פרעמד.

אזוי ווייזט אויס, אין א גישעפט מוז מען דאך קאנען האלטין א עדער אין האנט, אונ פון אבוך איז מען אויך ניט ווייט.

פריילין זייא קאנען זיך מיט מיר אלע אוונט זעהן?

יא איך קאן, אבער אוהר צעהן, ווייל פריער קאן איך ניט אפ טען, היינט האב איך באקומען ערלויבענעס, אבער אלע טאג איז ניט מעגליך.

עס מאכט ניט אוים אוהר צעהן וועל איך שוין זיין לעבען אייער קראם יעצט קאן איך זייא אפ פיהרען צו הויזע.

זייער אנגענעהם.

ער פירט איהר אפ צום שטוב, אונ זייא צו שיידין זיך זייער פריינדליך, אונ ער זאגט איהר, אז אוהר צעהן וועט ער שוין זיין לעבען אייער גישעפט.



(גיטעל די טרעמערס)

## 2.

## דיא קרעמערקע.

אין אלע שטעטלאך איז איין גיפירט אז מיידליך זובען ערטער וואו צו פאר דינען געלט, אנפאנגס קומען זייא אן אומזיסט ביז זייא ווערין גיניט אין זייער גישעפט, אדער אין זייער האנט ארבעט, דאס בריינגט מיט פיל נוצען, זיא לערינט זיך אויס אטאלאנט, אונ זיא פאר דינט געלט, אונ גייט ניט ארום ליידיג, אונ זיא ווערט אמענש דער צו, ווייל זיא זעהט זיך אן מיט פיל זארטין מענשען אונ הערט זיך אן פיל זאכען, וואס מיט דער צייט קומט דאס צו ניץ.

אין ליוונא איז גיוועזען א שטאלער, ער האט גיהאט צוויא זין מיט איין טאכטער, ער האט זיך גילעבט זייער רוהיג, ער האט גיהאלטען מענשען וואס זייא פלעגין בייא אים ארבעטין, זיין זאך איז גיוועזען אן צו נעמען ארבעט — ארויס געבען דיא ארבייטער יעדערין וואס צו טאהן, ער פלעגט אמאל אויך העלפין ווען מען האט גידארפט גיבער מאכען אזאכאז.

זיינע קינדער האט ער גיגעבין בילדונג, זאנאר גיטלען, זיא איז גינאנגען אין קלאס, אונ זיא האט גיקענט רוס, דייטש, העברעיש, ארום אידעש איז קיין רייד ניט, אז זיא איז אלט גיווארין זעכצעהן יאהר איז זיא אן גיקומען אין א גאלאנטיריינעם מאגאזין, די ווירטין אז זיא האט איהר דער זעהן, אונ אז זיא האט זיך מיט איה־אביסיל דורך גירעט האט זיא איהר צו גינומען, זיא איז גיוועזען זייער אקלוגע אונ אזעלטענע פארשוין, אונ גיטעל איז פון מיין גיווארען גיניט אין אלער האנד סחורות, מיט אסוחר האט גיטעל גירעט, אונ ער איז שוין ניט ארויס פון קראם ביז ער האט דאך גיקויפט, זיא פלעגט צו ציהן יעדער מענשין, אינ איהר ווירטין האט ארויס גיזעהן אז דיא צייט וואס גיטיל איז אן גיקומען, איז דער לייזונג גיווארען פאר בעסערט, די ווירטין איז גיוועזען זייער אוויל;

(גיטעל די קרעמערקע)

פְרוֹי, אוּנ מִיט אַנ׳מֶען תַאראַקְטֶער, זִיא הָאט פִיל מָאל גְעזָאגְט גִיטעלע דוּ בִּיזְט בַייא מִיר וִויא אַשְׁוֶועסְטֶער, אוּנ גִיטיל הָאט אִיהר אוֹיךְ גְרוֹיס עֶהרֶע אָפּ גִינֶעבִּין, וֶוען גִיטיל הָאט וָואס גִידַארְפְט מַאכִין, אָדֶער גֵיין אַמָאל שְׁפּאצִירֶען, פְלֶעגְט זִיא זִיךְ הַאלְטִין אַיין עֵצָה, וִויא אוּנ וָואס נָאהר מִיט אִיהר וִוירְטִין.

אַיין מָאהל אוֹיף אַחֲתוּנָה אִיז גִיוֶועןְ משה גרינזאהן מִיט דִיא עֶלְטֶערִין, אוּנ גִיטיל אִיז דַאן אוֹיךְ גִיוֶוען, עֶר הָאט אִיר דֶער זֶעהן אִיז עֶר גִיוָוארֶען אוֹיסֶער זִיךְ פוּן אִיהר שַׁיינְקַייט, אוּנ רַאזְוִויטִיקַייט, עֶר הָאט אִיר גִיזֶעהן טַאנְצִין אִיז עֶר בַּאצוֹיבֶּערְט גִיוָוארִין, אַי וָואס אִיז דָאס פַאר אַ קִינְד? עֶס אִיז דָאךְ אַיין אוֹיסְנַאם, עֶר הָאט נָאךְ גִיפְרֶעגְט אוֹיף אִיהר בַייא אֵיינִיגֶע מֶענְשֶׁען וֶוער זִיא אִיז, הָאט מֶען אִים אִיבֶּער גִינֶעבֶּען אַז זִיא אִיז אַקְרֶעמֶערְקֶע, נָאר זִיא אִיז זֵייעֶר אַגִילֶערִינְטֶע, אוּנ זֵייעֶר אַקְלוּגֶע.

אוּנ אִיהר פַאמִילְיֶע?

זִיא אִיז אַשְׁטָאלְצֶערְס אַטָאכְטֶער.

אִים הָאט זִיךְ גִיוָואלְט וֶוערֶען בַּאקַאנְט מִיט אִיהר, נָאר עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּער גִילֵייגְט אַז יֶעצְט טוֹיג נִיט, עֶרְשְׁטִין זַיינֶען זַיינֶע עֶלְטֶערִין דָא, צְוַוייטִינְס אִיז עֶר גִיוֶוען מִיט אַפְרַיילִין זַיינֶע אַשְׁוֶועסְטֶער קִינְד, וָואס זִיא הָאט גִירֶעכִינְט אַז זִיא וֶועט זַיין משה׳ס כַּלָה, אוּנ דִי עֶלְטֶערִין זַיינֶע הָאבֶּען אוֹיךְ אַזוֹי גִירֶעכִינְט, הַיינְט וִויא קָאן עֶר וֶוערִין בַּאקַאנְט מִיט אַנַאנְדֶערֶע אַז זִיא אִיז דָא, עֶר הָאט קוֹים אָפּ גִיפַּאטֶערְט דִי חֲתוּנָה, אוּנ אִיז גִינַאנְגֶען צוּ הוֹיזֶע.

אָבֶּער עֶר הָאט פוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה פַאר גֶעסִין צוּ פְרֶעגֶען וואו דִיא אִיז, אִין וֶועלְכֶע גַאס זִיא גֶעפִינְט זִיךְ, עֶר הָאט אִיהר גֶעזוּכְט פִיל טֶעג אוּנ הָאט אִיהר נִיט גִיפוּנֶען, בִּיז עֶר אִיז גִינַאנְגֶען קוֹיפֶען אַ פַאר קַאמַאשִין מִיט קַאלָאשִין, אוּנ נָאר אוּמְגֶערִיכְטֶער הַייט, אִיז זִיא אִים אָן גִיקוּמֶען פוּן מַאגַאזִין, אוּנ גִיפְרֶעגְט וָואס עֶר דַארְף, אַנְפַאנְגְס אִיז עֶר גִיוָוארֶען צוּ שְׁרָאקֶען, עֶר הָאט זִיךְ גָאר גִיט גִילַייבְּט אַז עֶר זֶעט אִיהר, אוּנ עֶר הָאט גִיוָואלְט מִיט אִיר אַבִּיסֶל זִיךְ דוּרְךְ בַּיידִין. עֶר הָאט לִיבּ גִיהַאט צוּ הֶערִין אִיהרֶע רֵייד מִיט

שייגע קְלינגֶעדיקע שְׁטימֶע הָאט עֶר אִיהר גֶילָאזט רֵיידֶין, אונ אוים רֶעכֶענֶען אַלֶעס וָואס זיא הָאט אִים פָאר גֶישְׁטֶעלְט צוּ קוֹיפֶען, אונ עֶר זָאגְט נִיט וָואס עֶר דַארְף, נָאהר זיא רֶעכִינְט אִיהם, פִילייכְט דַארְפְט איהר דָאס אונ דָאס, בִּיז עֶר הָאט אִיהר שוֹין אַרוֹים גֶינֶעבִּין אַז עֶר דַארְף קַאמַאסִין מִיט קַאלַאשֶען.

אַז זיא הָאט אִים אוּנְטֶער גֶיטְרָאגֶען דֶעם פֶּעקֶעלֶע, אונ וִויא עֶר אִיז אַריין אִין אַנַאנְדֶער גַאס, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ גֶענוּמֶען בַּייא איהר דֶעם פֶּעקִיל, אונ עֶר הָאט אִיר גֶיבֶּעטֶען צוּ זֶעהן זִיךְ מִיט אִים אִין גָארְטִין.

אַז זיא אִיז גֶיקוּמֶען אִין קְרָאם, הָאט זיא גֶיקְלֶערְט, גֵיין צוּ נִיט, בִּיז עֶס אִיז אִיבֶּער גֶיגַאנְגֶען אַפָּאר שָׁעָה פְּרֶעגְט זיא דִי מַאדַאם.

ווירע, אִיהר קָאנְט וָועסֶען אִין זורעלע?

וָועסֶען מֵיינְט אִיהר גיטיל.

שמואל גרינזאהן.

אִיךְ קָאן אִים.

אִיהר קָאנְט אִים גוּט ווירע?

זֵייעֶר גוּט. גֶענֶען וָואס פְרֶעגְט אִיהר גיטיל?

ניין זָאהן קָאנְט אִיהר?

גְרַאדֶע נִיט, נָאהר אִיךְ הָאבּ גֶיהֶערְט פוּן אִים, אָבֶּער גֶענֶען וָואס מֵיינְט אִיהר גיטיל?

אִיךְ הָאבּ זִיךְ שַׁבָּת בַּאקַאנְט מִיט אִים, הָאט עֶר מִיר פְרִינְלַאסֶעט אִין טֶעאַטֶער, וַוייס אִיךְ נִיט צוּ גֵיין אָדֶער נִיט.

מִיט אִים קָאנְט אִיהר גֵיין, זַייא זַיינֶען וואוֹילֶע מֶענְשֶׁען, אָבֶּער וָוענֶען אַפַּארְטַייא אוֹיבּ שֶׁר וָועט אַייךְ פָא־ שְׁטֶעלִין אִיז... קָאנְצֶעט ווירע.

אִיךְ מֵיין, אוֹיבּ שֶׁר וָועט אַייךְ פָארְשְׁטֶעלִין וָוענִין אַפַּארְטַיי, אִיז נִיט כְּדַאי צוּ גְלוֹיבֶּען.

פַאר וָואס ווירע?

ווייל זַייא זַיינֶען פוּן בְּרייכֶע אונ גְרוֹיסֶע פַאמִילְיֶע, וָועלִין זַיינֶע עֶלְטֶערִין גֶעווִיס נִיט עֶרְלוֹיבֶּען.

(גיטיל די קרעטערקע)

אִיךְ

איך מיין נאר ניט וועגען דעם, נאר איך האב גיפרענגט אויב עס איז כדאי צו גיין מיט אים.

גיין מיט אים מאכט ניט אויס, ער איז איין אנשטענדיגער קינד, עס איז גיטא וואס צו שעמען זיך מיט אים, אונ אין אמת'ן גירעט האט ער מיט אייך אויך זיך ניט וואס צו שעמען, איהר קאנט מיט די גרעכטע פריילינס צו זאמען קומען וועט איהר זיך אויס גלייכען מיט זייא, מעהר ניט וואס זייא האבין די קלינגעדיגע, גרויסע נארישקייט איז דער וואס קוקט אויף געלט, מען דארף האבען געלט, אז געלט איז גיט גוט, אבער דער עיקר דארף מען קוקען אויפען קרן.

**עס איז ריכטיג וויערע, די וועלט איז זייער פאר נארט.**



## 3.

## משה קלערט וועגען גיטלען.

אז משה האט אפ גיפירט ניטלען, איז ער גיגאנגען אהיים, אונ האט גיקלערט וועגען ניטלען, אי שיינע ניטעלע וויא קאן איך קומען צו דיר, איך וואלט מיר גישעצט גליקליך ווען איך זאל קאנען קומען צו דיר, וויא שיין דו ביזט, היינט אויסער אלעס, איז זיא דאך זייער גילערינט, אונ נוט הערציג אונ אמת קלוג, היינט גייא זייא אהכם אז א קרעמערקע זאל זיין אזא גיראטענע קינד, עס איז דאך קיין זאך גיטא וואס זיא זאל ניט קאנען, וויא טוט מען? איך וועל דאס ניט אריבער טראגען, פאר אזא טייערע קינד קאן איך דאך וויסען פון אזיסען לעבען — פון זיסע וועלט, אבער ניער ווייסט טאמער איז איהר הארץ שוין איבער גינעבין א נאנדערין — איז דאך אומזיסט מיין גאנצער האפענונג, מיין גאנצער גליק... נאהר דאס קאן ניט זיין, ווייל זיא האט דאך מיר צו גיזאגט אז זיא וועט מיט מיר גיין אלע אווינד, גיוויס איז איהר הארץ ניט איבער גיגעבין צנאנדערין, איך וועל מיט איהר ווערען נוט באקאנט, וועל

(גיטיל די קרעמערקע)

איך זעהן מיט איהר צו מאכען אבייד. איך רעכין אז זיא וועט געוויס וועלין, נאהר איך ווייס ניט אויב זיא וועט מיר גלויבען, זיא וועט מיינען אז איך מאך נאהר שפאס פון איר, נאהר דאס וועל איך איהר געבין צו ערקלערען אז איך מיין ריכטיג, נאהר איין זאך שרעקט מיר מיין הארץ וואס דאס איז ערגער וויא אלעס, מיינע עלטעריין וועלין מיר ניט פאר לאזען, זייא וועלין מיינען אז א שטאלער אמחותן וועט זייא פאר פלעקין נאר אין גאנצען די גאלדענע פאן, נאהר וואו בין איך אין דער וועלט? איך האב שוין נאר קיין דעה ניט אויף זיך צו זאגען? איך וועל מוזען נעמען וואס זייא וועלען מיר געבין? ניין, דאס ניט-לא-מיט אגרויסען אלף, זייא וועלין באי מיר נאר ניקסט אויס פירען, און טאמער וועלין זייא ניט זיין מסכים, איז בייא מיר רעכט אפ צו טאן א שפיציל, אריבער פאהרין אין וויליקא און דארטען אפ שטעלין א חופה, זאל מיר דוכטין אז איך בין אין אמעריקא און האב דארטען חתונה, נאהר עס וועט ניט קאסטען צו דעם, זייא זיינען דאך עלטערין, זייא וועלען זיך איבער בייזערין און וועלין וויינער ווערין, זייא ווייסען דאך אז אלע מענשין זיינען גאט'ס באשעפענעס, קאנען דען זיין אלע גלייך? נאהר אז מען איז איין ערגעטליכער מאן איז שוין גוט... און אזויא איז ער גיגאנגען ביז ער האט שוין דער זעהן זייער הויז, ער איז אריין אין שטוב זייער צוא רודערט און האט זיך געזעצט טרינקען טייא.

וואס ביזטו עפעס אזוי וויא צו רודערט? פרעגט די מוטער.

איך האב זיך גיקריגט מיט מיינעם אגוטען ברודער.

פאר וואס? פרעגט דער פאטער.

פאר גאט'ס ארבעט.

איך פאר שטייא ניט קיין פאליטיקע.

נאר איין פאך, איך זאג אז באי דעם בעל מלאכה זיינען אלע ארבעט גלייך, אזוי איז בייא גאט (להבדיל) אלע מענשין גלייך, א קרעמער, א באנקיר, א שניידער א שטאלער א שוסטער א. ז. וו. געוויס אלע גלייך, נאהר אז מען איז איין ערגעטליכער מאן.

(ניטיל די קרעטערקע)

אויב אזוי פאטער בין איך גירעכט
געגען וואס מיינסטו ?

מיינער אגוטער ברודער האט מיר דער ציילט אז מען רעט אים אשידוך מיט אשניידער , ער איז איין ארענטליכער מאן , די מיידיל איז גאר איין אויס נאם , אגרויסע גילעריינטע , אקלוגע און קאן פירען דעם גרעסטען גישעפט , זיא האט גיפאכט פאר דעם גרעסטין גביר , און זייא זיינען זיך גיפעלין , נאהר די עלטערען ערלויבען ניט , זייא זאגען עס פאסט ניט מיט אשניידער צו טאהן .

עס איז ניט זייער אנגינעהם מיט די חברה הייטים צו זיין א מחותן .

פאר וואס פאטער ?

פאר דעם וואס זייא זיינען זייער גראבע מענשין , און קיינער האט ביי זייא קיין ערדע .

אויב אזוי ? פאר וואס גיפינען זיך שיינע בעלי בתים , אדער גבירים , און טוען אפ אלע פאדלאסטען , און זיינען שיינע און איידעלע מענשען .

יא עס איז דא , אבער וויניג , ווייל די בעלי מלאכות זיינען דאך מעהר וויא אלע קלאסין , און איבער הויפט איז פון זייא שווער צו באקומען איין ארענטליכען מאן .

אבער וויא איז אז מען וויים ווער דער ארענטליכער איז ?

איז ער טאקע איין אויס נאם , נאהר מען גלויבט אים ניט , ווייל מען וויים ניט אויב עס איז ריכטיג .

אבער די מלאכה פאר מיאוסט ניט דעם מענשען ?

ניין , וואלט אזוי דער מענש ניט פאר מיאוסין די מלאכה , וויא די מלאכה פאר מיאוסט ניט דעם מענשין .

אויב אזוי ? פאר וואס איז דא פיל מענשען וואס מען קען זייא פאר פיינע שיינע מענשין , קוים האט ער שוין אנאנדער טאלאנט ווערט ער שוין אויס שיינער מענש .

עס איז טאקע ניט נוט איין גיפירט , אין איבער טאבע א וועלט איז שווער .

(ניטל די קרעמערקע)

און

אונ איך זאג דיר פֿאטער, אז דער באנקיר מיט דעם בעל מלאכה זיינען בייא מיר גלייך, אז אלע װעלין טאן איין זאך, װעט מען מוזען גיין נאקעט אונ באָרװעס, עס מוז דאך זיין אלער האנט ארבייטער, מיט װאס האט יענער שוין פֿאר זינדיגט אז ער איז שוין אוים מענש מיט זיין טאלאנט, איך בין ניט גינארט באי זיך, אונ איך בין ניט קלענער פֿון דעם באנקירס זאהן, אונ ניט גרעסער פֿארן שניידערס זאהן, אלע אלע גלייך.



## 4.

### משה מיט גיטלען.

משה איז גינאנגען אלע אװינד צום קראם, אונ פֿלעגט װארטין ביז ניטיל גייט אהיים, אונ ער פֿלעגט זיך מיט איהר אביסיל דורך גיין, אז עס איז שוין צריפֿער איינינע װאכען, זאגט ער איך מוז מאכען איין ענדע, גינוג צו גיין מיט א צו דרייטע קאפּ, לאמיר װיסען װאו בין איך אין דער װעלט.

איין מאל איז ער גינאנגען שבת פֿאר נאכט גראדע דורך פֿעסטין נאך אונ ניטיל האט אים דער זעהן, זיא האט אים צו גערופֿען, װייל ער איז גינאנגען מיט דער צװייטער לאװע. װאו גייט איר משה?

איך גייא דא צו מיינעם אבאקאנטען.

גיװיס האט איר קיין צייט ניט.

עס מאכט ניט אוים, עס איז ניט װייער גייטינ.

זיצט דא אביסעל אויפֿ'ן באנק.

ניטיל אויב איהר קאנט, װעלין מיר גיין שפּאצירין.

מיט די גרעסטע עהרע, נאהר איהר װעט דא אזוי גוט זיין אויף װארטין, אונ איך װעל זיך גיין אן טאהן.

זייער גוט, גייט גיטיל.

(גיטל די קרעמערקע) דיא

זיא איז גיגאַנגען , אונ האָט זיך צו גיקליבען , אונ זייא זיינען זיך גיגאַנגען שפּאַצירען .

ניטיל , וואו וועלין מיר גיין ?

אין גאַרטען .

זייער גוט , ער קלערט היינט מוז ער מאַכין איין ענדע , זייא זיינען גיקומען אין גאַרטען , אונ האָבען זיך גיזעצט אויף אַ באַנק .

ניטיל , איהר ווייסט אַז איך וויל זיך שיידען מיט אייך .

זיא ווערט צו שראַקין , אונ פרעגט פאַר וואָס ?

פאַר דעם וואָס איך מוז אָפּ פאָרען .

אויף לאַנג רעכינט איהר אָפּ צו פאָרען ?

איך בין זיך נאָך מישב צו פאָרען , דאָס ווענט זיך אָן אייך ניטרייע ניטיל .

אָן מיר ווענט זיך דאָס ?

יאַ ניטיל , ווען איהר ווילט פאַר איך ניט ;

איך פאַר שטייא ניט וואָס איהר מיינט .

וועל איך אייך געבין צו ערקלערין שיינע גיטעלע , מען שטעלט מיר פאַר אַ פּאַרטייא פון שאַרוואַ , אונ מיינע עלטערין ווילין אַז איך זאָל פאָרען זעהן ; אויב עס איז גלייך פאַר מיר . . .

זיא ווערט בלייאַס , אונ פאַסט מוטה אונ זאָגט , אַזוי איהר פאָרט זעהן אַבלָה , וואָרום זאָל איך אייך שטערען אין אייער פאַרגעניגען , אונ אויסער דעם פאַר שטייא איך נאָך ניט , וואָס גיהערט דאָס אָן מיר .

עס גיהערט אָן אייך ניטיל , איך בין יעצט גיקומען צו אייך , ניטעלע מאַכען איין ענדע איך זאָל וויסען וואו איך בין אין דער וועלט אונ איך האָב פאַר אייך ניטעלע גיעפינט מיין האַרץ וואָס איז געווען פאַר זינגעלט ביז יעצט .

זאָגט משה וואָס מיינט איהר ?

משה גיט פלינק אַוואָרף מיטען אויג , ער זעהט זיא איז זייער אינטערעסירט , זאָגט ער צו איהר , גיטעלע פון דעם טאָג וואָס איך בין גיוואָרען באַקאַנט מיט אייך , האָבען אַלע פרויענצימער ביי

ניטל די קרעמערקע)                מיר

כ"ר קיין ווערדע גענגען אייך, איך מיין ניט קיינע קאמפלימענטען, איך מיין די ריינע ווארהייט, איהר האט גינומען מיין הארץ, איהר האט מיט אייערע שיינע אויגען גערויבט מיין זעלע, מיט אייערע קלוגע ווערטער האט איהר אפ גיצוינגען מיין פרייהייט, איך בין ניט דער זעלבינער וואס געוועזען פריער, אלזא ליבע גוטע שיינע ניטעלע קערט מיר אום אלעס וואס איהר האט ביא מיר צו גינומען, אונ ער הייבט אן צו וויינען...

ניטיל אז זיא האט אויס גיהערט זיינע רייד, אונ גיזעהן זיינע טרערין, איז זיא גיווארען זייער איבעראהשט, אונ זיא האט ארויס גיזעהן אז ער רעט פון טיפען ריינעם הארצען אונ ער מיינט ריכטיג וואס ער רעט, האט זיא זיך דער מאנט וואס דיא מאדאם ווייערע האט איהר געזאגט, אז זיינע עלטערען וועלען ניט דער לאזען, האט זיא גיפאסט מוטה אונ גירעט מיט א צו שראקענע הארץ, ווייל זיא האט געהאט מיטלייד אויף איהם.

משה אייערע ווערטער האב איך אויס גיהערט, אונ איך זעה אז איהר מיינט ריכטיג, נאהר איהר זייט זייער ווייט פון מיר.

פאר וואס ניטעלע, אייער הארץ דער לאזט אייך ניט?

ניין משה, אונזערע הערצער זיינען ניט אזוי ווייט, וויא אונזערע קערפערס.

זאגט ניטעלע, ציהט מיר ניט מיין נשמה....

אייערע עלטערען וועלין אייך ניט ערלויבען צו מאכען מיט איין קרעמערקע אונ נאך דער צו אשטאלערס אטאכטער.

וואס רעט איהר? שיינע קינד, וואס בין איך עפעס אאינגעלע? איך וועל נעמען אפרוי וואס מיינע עלטערען וועלין מיר געבין? ניין ליבע ניטעלע, געוויס ווילין מיינע עלטערין אז דיא פארטייא וואס איך וועל — נעמען זאל זיין צום הארצין, אונ נאך מיין מיינונג נאך:

הערט משה, איהר זאלט וויסין זיין, אז איך דער קאן ניט מענשען, איהר זייט איין פיינער יונגער מאן, אייערע רייד זיינען הייליג. איהר — מיינט ניט קיין שום פאלשקייט, אונ אז איך וועל זיך באשליסען צו געבין אייך מיין ווארט, פאר ליר איך אלע מאנס-

(ניטיל די קרעמערקע) פערזאנען

פֿערזאָנען צו האָבען מיט זייא באַקאַנטשאַפֿט און דיינקען וועגען
אַפּאַרטייא. נאָכהער אַז אייערע עלטערען וועלען אונז צו שיידען.
בין איך איין אומגליקליכע וואָס ווענער קען ניט זיין, אַלזאָ איז מיין
ראַטה, אַז מיר זאָלען זיך זיין באַקאַנט וויא פֿריער, און מיר וועלען
זעהען וואָס דיא צייט וועט מיט אונז מאַכען, און אויב אייערע
עלטערען וועלען זיך באַשליסען צו טאָהן אייער פֿאַרלאַנג, דאַן וועט
שוין זיין נאָר אַנדערש:

ליבע נימיל איהר זייט דיעזער גיוועזען, אייערע רייד זיינען
דייער לאַניש, נאָהר איך האָב גיוואָלט צו איהר זאָלט מיר געבען
אייער וואָרט איך זאָל וויסען אַז איהר זייט מיינע, און איהר דאַרפֿט
נאָר ניט צו פֿיל קלערען, ערשטינס וועלען מיינע עלטערען מיר
גיוויס ניט שטערען אין מיין גליק. און אויב אַפֿילו עס וועט זיך
מאַכען וויא איהר רעכענט, זאָלט איהר זיין רוהיג אַז איך בין גינרייט
אין פֿייער און אין וואַסער וועגען אייך צו גיין. קיינער וועט אונז ניט צו
שיידען, איהר ווייסט נימעלע אַז געגען ריינע ליבע איז קיין אָפּ
האַלטונג ניטאָ, בערג וועהרען אָפּ געגראָבען, און טאָלען ווערען אָן
גישאָטען, טייכען ווערען אויס גיטריקענט, און ער פֿאַלט—איהר
אויפֿן האַלז און צו ווײנט זיך...

משה, זאָגט נימיל מיט איין צו שראַקענע האַרץ, איך גלויב
אייך אַלעס, אָבער קיין שום זאַך וועט אונז ניט שטערען?

זיין נימעלע טעהערציגע:

קאָן איך אייך געבען מיין וואָרט — אַז איך בין אייערע.

אַי נימעלע איך בין גליקליך, און זייא האָבען זיך אַרום
גינומען, און אַקוש אין צרוים פֿון זייערע ליפּען....

העהר משה, דו זאָלסט זעהען וועגען דעם מיט דער נאַטור
צו גיין, מען דאַרף ניט האַפֿען, מיר האָבען צייט, דיא צייט טאָר
מען ניט פֿערטרייבען, און מיר וועלען שוין זעהען וואָס צו טאָהן.



(נימיל די קרעסערקע) זערין

# 5.

## צוויין געפאללען.

משה וואָרום ביזטו דיא צייטען זייער צו טרויערן ?

ניין אסתר, איך בין זייער פאר נומען:

דאכט מיר אייערע געשעפטען וויס איך, אללע מאל פלעגין מיר שפאצירען כמעט אלע אווענד, יעצט זעהט מען אייך ניט:

איך וועל אייך זאגען אסתר, ווארום ניין גלאט מיט אייך האב איך בארעכינט אז עס טויג פאר אונז ביידען ניט.

פאר וואס זייט איהר ביז יעצט געגאנגען משה ?

אסתר, איהר ווייסט דאך, וואס ווייטער ווערט מען עלטער. און אז מען ווערט עלטער ווערט מען קלינער, האב איך זיך בארעכינט אז עס טויג פאר ביידען ניט, איהר וועט מיינען אז איך דיינק וועגין אייך און איך וועל אויך רעכענען אז איהר דיינקט וועגין מיר, טויג דאס ניט. מיר ביידע וועלין זיין גינארט ביא זיך:

משה וואס איז דאס פאר ווערטער, איך קאן דאס גאר ניט פאר שטיין וואס מיט אייך איז גיוואָרין, מיר דוכט אז מיר האבין געהאט איין געדאנק — יעצט איז גיווארין ביא אייך אגאנצע פערעמענע:

ניין אסתר, קיין פערמענע איז ביא מיר גיווארען, נאר מיר זיינען גיוועזען ביידע גינארט ביז יעצט, גיטראכט האבין מיר גלייך, אבער צו זאגין ווייסט איהר געוויס אז מיר האבין זיך ניט גיגעבין דעם וואָרט איינער דעם צווייטען.

משה דאס איז שפעטינגערע זאכין, איך וויל מארגין וואלין מיר ניין שפאצירען:

איך זאג אייך ניט צו אסתר.

איך וועל זיך ביא דיר ניט בעטין, איך האב פיינט אז מען טוט מיר אגרויסע טובה:

זיא איז ארוים פון שטוב, און האט זיך גיקלערט, וויערט

מיין קלוגער דו וועסט אויס לאכין פון מיר, איך וועל זעהען מיינע בלוט צאפּענעס אָפּ צו נעמען מיט פּראצענט, זיא איז געוואָרען זייער אין כעס, אונ איז גיגאנגען צו הויזע.

וואס ביזטו עפּעס אזוי צו קאכט אסתר פרעגט די מוטער;

איבער דיינע פּריטעקצעס:

וואס איז אסתר?

איך קאן דיר אָפּ געבין אגירוס פון משהעלען דיינעם:

מיר דוכט ער איז דיינער וויא מיינער:

ניין מאמא! מיינער שוין ניט! אויס! ....

ש א א א, וואס איז געוועזן? פון אזא גוט לעבין איז געוואָרין — עפּעס מיט אמאל אגאנצע שוטאטאכע.

איך בין געוועזן איהם בעטין ניין שפּאצירען, האט ער מיר אָפּ גיזאגט דיא גאנצע ברידערשאפט, ער וויל טיט מיר ניט ניין. אונ ניט האבין קיינע גישעפטין, אונ איך זאל גאר ניט רעכענען אז ער דיינקט וועגין מיר, אונ איך זאל גאר ניט דיינקען וועגין איס עס איז פוסטע זאכין.

אסתר, דא מוז וואס זיין, איך האב גירעט מיט די עלטערין אז דיא צייטין זאל מען מאכי איין תנאים, מיט צמאל איז געוואָרין דער גאנצער פעלץ איבער גיקערט, מען האט דא נימויזט קיילע מאכין:

ניין מוטער, קיינער האט ניט קיילע גימאכט, ער האט גיזעהן מיט אפּריילין ווערין באקאנט, וואס זיא פירט איס פארין נאז:

וויא קאן מען דאס וויסין?

איך וועל וויסין, איך וועל איהם היטען:

אויב דו קאנסט אויס פירען, איז כדאי צו וויסין:

מיר זעהען ביא נאכט וויא אסתר היט משה'ן, אונ ר חיים קאר ניט — וואס ארום איהם טוט זיך, זיא זעהט וויא ער איז צו גיגאנגען צו אברהאם — אונ עס איז ארויס אפּריילין שיין וויא גאלד, אונ האט זיך מיט איהם גריינדליך געגריסט, אונ איז אריין אין קראם, אונ ער איז גישטאנען אויפין גאס ביז מען האט פאר

(גיטיל די קרעמערקע) ייזבט

מאכט דעם גישעפט, און זייא זיינען גיגאנגען ביידע שפּאצירען:

אסתר איז ניט קיין נאר, זיא גייט אביין אין אקראם און פרעגט

ווער איז דאס דיא פרייליין וואס איז אין יענע קראם?

וואסער פרייליין מיינט איהר? עס איז דא דרייא אין קראם:

דיא הויכע אשיינע, מיט אין שווארצין מאנטעלע.

דאס איז דיא גלאוונע קרעמערקע:

פילייכט ווייסט איהר וויא מען רופט איהר?

מיא רופט איהר גיטיל:

וואו וואוינען זייא? און וואס טוען איהרע עלטערין?

זיי וואוינען אין יעקפּטין גאס, איהר פאטער איז אשטאלער:

זיא בעדאנקט זייער דיא קרעמערקע וואס זיא האט איהר אלעס איבער גיגעבין, נאכהער גייט זיא צו הויזע און דער ציילט דיא מוטער דיא גיים:

הייר אסתר מארגין זאלסטו נעמען דיא מוטען אויך, און דו וועסט איהר אלעס ווייזין עס וועט שוין רעכט ווערין

גירעכט מוטער, איך וועל זאגין דיא ס מען:

אויף מארגין איז אסתר גיגאנגען און האט דאס איבער גיזאגין משה'ס מוטער — אלע זיינע רייד, און וויא ער פירט זיך ארום מיט אפריילין אקרעמערקע:

שרעק זיך ניט אסתר, עס וועט רעכט ווערין. נאהר פריער וועל איך מאכין מיט אים אריייד, און אז איך וועל זעהן אז עס איז ריכטיג — וויא ער האט דיר איבער גיגעבין, וועלין מיר גיין זעהען ווער דאס איז אזוינס, און איך וועל זייא מאכין אויס קאפּעלויש מאכער:

גירעכט מוטעלע. אזוי דארף זיין:

זייא זיכער אסתריל מיינע, איך האב נאך אויך אשטיקיל דעה: נעווים מוטע האט איהר אין גאנצען דיא דעה, נאהר איך וויל אייך פרעגין וועז וועט איהר ריידין מיט אים?

היינט בייא נאכט אז ער וועט קומען פון שפּאט:

אנוטין טאג מוטע:

(גיטיל די קרעמערקין)

אַגוּט יָאהר, גֵייא גֶיזוּנְד :

אַז אסתר אִיז אַרוֹיס פוּן מ׳שה׳ס שְׁטוּבּ, מְרַאכְט זִיא זִיךְ, אִיךְ וָועל דִיר וַוייזָען נַארִישֶׁער יוּנְג וָוער דוּא בִּיזְט, עֶס אִיז אָפִילוּ אָמֶת זִיא אִיז זֵייעֶר אַשֵׁיינֶע פְּרֵיילִין, אוּנ קֶענְטִינג זֵייעֶר אַיין אֵיידֶעלֶע, אוּנ גֶעווִיס אִיז זִיא גֶעבִּילְדֶעט אוֹיךְ, אָבֶּער וָואס הָאט דָאס צוּ מִיר. אַז דוּ בִּיזְט אִיהר גִיפֶעלִין — בִּיזְטוּ מִיר גֶעווִיס וִיפֶעלִין, אֵי וָואס דוּ הָאסְט מִיר גֶיזָאגְט, אַז אִיךְ זָאל גִיט דֵיינְקֶען וֶועגִין דִיר, קָאנְסְטוּ מִיר דֶען אַיין וַוייזֶען? נַארֶעלֶע, מָארְגֶען וֶועְרְשְׁטוּ גֶעווִיס בֶּעסֶער, מֶען וֶועט דִיר אָפּ טְרַייבִּין פוּן דַיין פְּרֵיילִין וֶוער ווייסְט וָוער זִיא אִיז, בִּפְרַט אִיהר פָאטֶער אִיז אַיין שְׁטֶעלֶער אַשֵׁיינֶע חֲתוּנָה וָואלְט דָא גִיוָועזֶן, עֶר וָואלְט — שׁוֹין אַלֶע מֶעבִּיל אוּנְזֶערֶע אִיבֶּער גִיזֶעהֶען וָואס עֶס פָאדֶערְט אוֹיף זַייא פַאצִינְקֶעס, מִיר הָאבִּין גֶעקָאנְט הָאבִּין אַיין אַיינְגֶענֶע ווִינָאדֶע, אָבֶּער מִיר זַיינֶען אוֹיס גִיקוּסְעֶן בִּיז הַיינְט אָן אִיהם, וֶועלִין מִיר וַוייטֶער אוֹיךְ גִיוִויס אוֹיס קוּמֶען, וָואס אַנַארִישֶׁער יוּנְג קָאן זִיךְ אַיין רֵיידִין, עֶר אִיז דוּכְט מִיר אַקְלוּגֶער, אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע אַז זַייא טוּעֶן אַנַארִישְׁקַייט — אִיז פִּיל גְרֶעסֶער וִויא דֶער גְרֶעסְטֶער נַאר טוּט, אוּנ מִיט דֶעם גֶעדַאנְק אִיז זִיא אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אַהֵיים.



## 6.

## בַּייא מֹשֶׁה׳ס עֶלְטֶערִין.

מֹשֶׁה, מִיר רֶעכֶענֶען מַאקֶע דִיא טֶעג צוּ מַאכִין תְּנָאִים בַּייא דִיר מִיט אסתר׳ן זָאגְט דִיא מוּטֶער :

נַיין מַאמָא, וָואס הַיילְסְטוּ זִיךְ ?

וָואס וֶועסְטוּ וַוארְטִין ? דוּ קָאנְסְט אִיהר גִיט ? שׁוֹין צַייט אִיהר צוּ קָאנֶען, גָאט צוּ דַאנְקֶען דוּ קָאנְסְט אִיהר גוּט :

(גיטיל די קרעטערקע) ווייל

וַייל אִיךְ קָאן אִיהר נוּט. וִויל אִיךְ אָפּ הַאלְטִין.
דָא מוּז וָואס זַיין מֹשה וָואס דוּ בִּיזְט גִיוָוארֶען נֶעגִין אִיהר קַאלְט:
נֶס אִיז נָאר נִיט, זִיא אִיז אַוואוֹילֶע קִינְד אָבֶּער נִיט
פַאר מִיר:
פַאר וָואאס;
פַאר דֶעם וָואס אִיךְ וִויל נִיט חָתוּנָה הָאבִּין
דוּא ווילְסְט וֶוערִין אַפָּארוּש?
אִיךְ וִויל נִיט פַאר דְרֵייצֶן מַיינֶע יָאהרֶען:
משה דוּ רֶעדְסְט דָאס נִיט, נָאהר אַנְאנְדֶערֶער רֶעט אִין דִיר:
אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם נִיט;
וֶוען דוּ וָואלְסְט קֵיינֶעם נִיט הָאבֶּען, וָואלְסְטוּ נִיט גִירֶעט מִיט מִיר אַזֶעלְכֶע רֵייד, אִיהם גִיפֶעלְט נִיט אסתר, „אַזַא וְואוֹילֶע קִינְד״ אוּנ אַיין אַיינְגֶעגְנֶע;
מוּטֶער, אַפִּארְטִייא גִיהֶערְט נִיט אָן צוּ אַיינֶענֶע, אַז מִיר אִיז נִיט צוּם הַארְצִין — טָארְסְטוּ מִיר נִיט נֵייטִין;
פַאר וָואס אִיז גִיוָועֶן נוּט בִּיז יֶעצְט;
מוּטֶער, דוּ בִּיזְט גֶעוִוים קְלִינֶער פַאר מִיר, עֶס טְרֶעפְט אַז מֶען הָאט חָתוּנָה אוּנ מֶען נֶט זִיךְ. פַאר וָואס? וַוייל מֶען הָאט זִיךְ נִיט אַרוּם גִיזֶעהֶען, בִּפְרַט פַאר דֶער חָתוּנָה קָען דָאךְ גִיוִויס טְרֶעפִין אַז מֶען זֶעהט זִיךְ נִיט גוּט אַרוּם:
אִיךְ וֶועל מִיט דִיר מֶעהר נִיט רֵיידֶען וֶועגִין דֶעם — נָאהר אִיךְ זָאג דִיר משה, אַז דוּ בִּיזְט גֶעוָוארְט בַּייא זִיךְ מִיט דַיין רֶעכֶענוּנְג, עֶס קָאן מֶעגְלִיךְ זַיין אַז דִיר חָאלֶעמְט זִיךְ אַיין חָלוֹם. אַז דוּא וֶועסְט זִיךְ אוֹיף הַאפֶּען פוּן דַיינֶע גִידַאנְקֶען וֶועסְטוּ צָרוֹת זֶעהֶען אוֹיפִין וָואהר אַז דָאס אִיז אַחָלוֹם.
מוּטֶער מִיר חָאלֶעמְט זִיךְ גָאר נִיט, אוּנ אִיךְ רֵייד זִיךְ נִיט אַיין קֵיין נַארִישְׁקַייט, דִיא זַאךְ וָואס אִיז אוּמֶעגְלִיךְ רֶעכִינְט קֵיינֶער נִיט:
בַּייא נַאכְט אוּהר צְוֶעהֶען, זֶעהֶען מִיר וִויא משה גֵייט, אוּנ פוּן דֶער צַייט גֵייט דִיא מוּטֶער מִיט אסתרין:
אַז זֵייא זַיינֶען גִיקוּמֶען לֶעבִּין קְרָאם, זֶעהֶען זֵייא דִיא פְרַיילִין

 זייזי

נייט אַרויס. אוּנ גִירִיסְט זִיךְ מִיט משה'ן:

וָואס פַאר אַנְעַ֫נְטְעֶנְטְעֶנְטֶע שֵיינְהַייט דָאס אִיז, קְלָערְט דִי מוּטֶער. אִיךְ זָעה דָאס דָעם עֶרְשְׁטֶען מָאהל, הַיינְט וִויא שֵׁיין אִיז אִיהר גִיוואוּקְס, עֶר אִיז נִיט קֵיין נַאר...

אַז זַייא זֵיינְעֶן אַוֶועק גִינַאנְגְעֶן פוּן דָרַא שְׁפַּאצִירֶין, זָאגְט אסתר, מוּמֶע וִויא גִיפֶעלְט דָאס אַייךְ?

נַארְט זָאגְט דִיא מוּטֶער קוּם אַרַיין אִין קְרָאם, מִיר וֶועלִין דָא וִויסִין אַלֶעס רִיכְטִיג:

זַייא גֵייעֶן אַריין אִין קְרָאם, אוּנ מֶען הָאט שוֹין גִיוָואלְט פַאר סַאכֶען:

גוּט גָאוִוינְט, דַאכְט זִיךְ אַז אִיךְ הָאב קֵיין טָעוּת נִיט ווערע.

נוּט יָאהר, וָואס מַאכְט אִיהר לאה? אַגַאסְט חְלָעבִּין, עֶפֶּעס בייא נַאכְט, אַזוֹי שְׁפֶּעט גֶעוֶוים נִיט אוּמְזִיסְט:

הָערְט ווערע, וֶוער אִיז דִיא פְּרֵיילִין וָואס אִיז פְּרִיהֶער אַרוֹיס פוּן קְרָאם?

גֶעגְעֶן וָואס פְרֶעגְט אִיהר? לאה:

אִיךְ וֶועל אַייךְ נאכְהֶער זָאגִין:

דָאס אִיז מַיין גְלַאוּנְגֶע קְרֶעמֶערְקֶע, אַנְוַייל קִינְד אִיךְ הָאב אַזַא קִינְד נָאךְ נִיט גִיזֶעהֶען, גִירָאטֶין אִין אַלֶעס, אוֹיסֶער אִין שֵׁיינְקֵייט אוּנ אִין גִילֶערְנְטְקֵייט;

אָן וֶועמֶען גִיהֶערְט זִיא?

אִיהר פָאטֶער אִיז אַשְׁטָאלֶער, אַיין אָרֶעגְטְלִיכֶער מַאן, נָאהר לאה וֶוען אִיךְ בִּין אַמַאנְסְפֶּערְזָאן מִיט צְעהֶען טוֹיזֶענְד רוּבִּיל, וָואלְט אִיךְ אִיהר גִינוּמֶען צוּ אַגְרָאשֶׁען:

אִיהר זָאלְט אַזוֹי גוּט זַיין ווערע אִיהר אִיבֶּער גֶעבִּין אַז זִיא זָאל נִיט אָן מַאכֶען קֵיין לַייטִישֶׁע גִילֶעכְטֶער, אוּנ פַאר הִיטִין אִיהר־כָּבוֹד, זִיא זָאל נִיט הָאבִּין מִיט מַיין זוּן קֵיינֶע גִישֶׁעפְטֶען:

ווערע וָואס זִיא הָאט גֶעמֵיינְט אַז זִיא אִיז גִיקוּמֶען נָאךְ פְּרֶעגִין זִיךְ וֶועגֶען צַפַּארְטַייא וָואס מֶען שְׁטֶעלְט זַייא פַאר, אִיז

נעבליבען שטיין אויף אנארט , אונ האט קוים אויס גירעדט
דיא ווערטער :

זייט רוהיג לאה , זיא גייט צו איהם געוויס ניט , א[illegible]
איך הער דאס דעם ערשטען מאהל פון דעם, אונ זיא קאן ז[illegible]
איהר שטעטיל באשטיין אן צייער זונ'ס באקאנטשאפט .

אגוטע נאכט, אונ אסתר מיט לאה'ן זיינען גיגאנגען אהיים :

אסתר וואס איז ביז איצט גיוועזען צו מיסט, ווייל אלע בייד
וואס וויערע האט גירעדט מיט לאה'ן, האבען איהר גישטאכען ווי[illegible]
מיט שפיזין , איז גיווארען אב גילעבט פון דיא מוטעם רייד וואס
זיא האט פאר זאגט , אז דיא ברייליך זאל קיינע גישעפטען
האבען מיט משה'ן :

אסתר איז זיך גיגאנגען צו זיך אהיים, אונ האט דער
ציילט דיא גוטע נייס איהרע עלטערען :

לאה איז צו גיגאנגען צו זיך אהיים, אונ האט דעם טאן
אלעס איבער גיגעבען וויא ער האט אסתר'ן אפ גיזאגט, אונ ער
האט אגישעפט מיט איין שטאלערס אמיידעל :

דער פאטער איז געווארען ביז , אונ האט זיך באשלאסען
צו מאכען איין ענדע מיטען שידוך עס זאל זיין תנאים מיט אסתר'ן
אינ ער האט גענארט אז משה וועט גאר קוסען, זאל ער מאכען
מיט איהם אבייד , א נ איהם געבי צו ערקלערען וויא גענארט ער
איז מיט דעם [illegible] ער האט גישעפטען מיט דעם שטאלערס
[illegible]ידעל דיא [illegible] , אונ היינט [illegible] זיין איין ענדע :

---

ז.

אויס האפנונג .

אז משה איז גיקומען צו הויזע האט ער גאר ניט געוואוסט
וואס עס איז פאר גיקומען מיט איהם, אז מען איז איהם נאך גיגאנגען,
אונ מען איז געווען אין כעס .

([illegible]) משה

משה, זאָגט דער פֿאָטער, מיר ווילען נאָך שבת מאכין אתּנאים.
בייא וועמען וועט איהר מאכען אתּנאים?
בייא דיר מיט אסתר׳ן.
ניין פֿאָטער, איך וויל נאָך ניט ווערען קיין חתן:
פֿאַר וואס?
איך וועל ניט פֿאַר זאָגען.
אָבער די שטאָלערקע אָדער די קרעמערקע וועלין אויך ניט
...רזאָגען.
משה ווערט בלאַס, מען קלערט פון וואָנען ווייסען זייא, נאָר
...ר פֿאָסט סוטה, אונ זאָגט.
אַ שטאָלער איז קיין מענש ניט? אים האָט אַנאַנדער נאָט (להבדיל)
... שאַפֿען.
משה! איך האָב שוין דיר גוט דער קאָנט וואס פֿאַר אַמענש
...ו ביזט, אַזאַ יאָהר אויף מיינע שונאים.
פֿאָטער וואס ערנערסטו זיך אויף מיר? איך ווייס ניט וואס
...יהר ווילט פון מיר?
מיר ווילען דו זאָלסט זיין אַמענש, ניט קיין בעל מלאכה.
אַבעל מלאכה איז קיין מענש ניט? אונ אויסער אַלעם וואס
...ארפֿט איהר מיר אויף מיטען שטאָלער?
אַז דו ביזט מיטען שטאָלער׳ס טאָכטער וואס זיא איז
קרעמערקע גאָר אַנאַנצער מחותּן.
גלויב מיר פֿאָטער, ווען דו וואָלסט איהר אָן געקוקט מיט
...שענע אויגען, וואָלסטו אַנדערש גערעט.
איך האָב שוין אַשטאָלער וואס ער מאכט אונז וואס מיר דאַרפֿין
עס איז קיין יושר ניט, אָפּ צו זאָגען איין אַלטען בעל מלאכה אונ
... מען אַנייעם, אונ ווערען אַ צלעו אין רעמעקלענע וויל איך ניט.
— פֿאָטער דו ווילסט גיין געגין די הייליגע ספרים וואס שרייבין אַז
עס ווערט אָן געשריבין אַז יענער זאָל יענעמס טאָכטער נעמען
פֿאַר אַפֿרויא.
אָ דו שאַרלאַטאַן! איך האַלט ניט פֿון דעם? געוויס מעהר וויא
ניימל די קרעמערקע) דוא

דו , אבער פון וואנען ווייסטו אז די איז מיין זיווג ?

פון וואנען וויים איך ? ווייל מיין הארץ זאגט מיר .

דיין הארץ זאגט דיר ? דיינע נארישע גידאנקען ריידען .

פאטער , אבער גייטען קאנסטו מיר ניט .

איך וועל דיר ניט גייטין , נאר דאס זאג איך דיר , איך וועל שוין זיין ביין שטאלער , אויב ער איז מיט אשטיקעלע יושר , וועט ער דיר ארויס יאגען , אונ די קרעמערקע וועט שוין אויך האבין אפסק .

וואס זיינען זייא שולדיג ?

איך וויל נאר ניט וויסען וואס בייא אייך איז , נאהר דו זאלסט זיך נאר ניט איין ריידין די נארעשקייט . קאן וואקסען גראז אויפען טיש , אזוי קאנסטו קומען צו איהר , דו הערסט !

ער שווייגט שטיל .

איך פאר זאג דיר משה ווילסטו היטין מיין כבוד מיט דיין גיזונד , זאלסטו זיך ניט אפטוואגען גיין מיט איהר , די קרעמערקע האט שוין גילייזט , זיא וועט פאר זאגען א צענטען , נאהר טאמער וועסטו קומען אונ איהר נעבין צו ערקלערין דיינע שטיק , מאגסטו זיין זיכער אז איך וועל אייך שוין אפ היטען ביין קראם , אדער גייענדיג , וועט זיין ניט שיין פאר דיר אונ באר איהר .

משה האט ארויס גיזעהן אז ער וועט גאר ניט אויס פירען , איז באי איהם גיבליבין אפלאן אז ער זאל צו באדען מיט איהר אין ווילייקא , אונ אפ שטעלען אחופה , ער האט שוין פאר שטאנען אז ניטיל האט נעביך גיהאט א נע פריאטנאסט וואס זיא איז נעבאך גאר ניט שולדיג , איז באי אים גיבליבען אז ער זאל זיך זעהן מיט איהר , אונ איהר נעבען צו ערקלערין וויא גיטריי ער איז איר , אז באי אים איז רעכט מיט איהר חתונה צו האבין מיט די ערלויבענעס פון איהרע עלטערין , אונ פון זיינע עלטערין וויל ער גאר ניט וויסען .

אז ניטיל איז גיקומען אויף מארגען אין קראם , פרעגט וויערע .

ניטיל טרעף וועד עס איז געבטען נעמען אין קראם .

(גיטיל די קרעמערקע)

אִיךְ ווייס נִיט אוֹיב אִיךְ וָועל טְרֶעפֶען .
אִיהר קָאנְט זִיךְ מִיט גרינזאהנס זאהן ?
גְ׳וְנֶען וָואס פְרָעגְט אִיהר ?
זיין מוּטֶער אִיז גֶעבְּטֶען גֶעוֶועהן , ווען דוא בִּיזְט אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען .
זִיא וֶוערְט בְּלַאס אוּנ פְרֶעגְט , וָואס הָאט זִיא דָא גֶעטָאן ?
זִיא הָאט זִיךְ נָאךְ גִיפְרָעגְט אוֹיף אַייךְ .
אִיהר לַאכְט ווירע ?
נָאט בֶּעהִיטֶע , זִיא אִיז בַּייז אוֹיף אַייךְ .
פַאר וָואס ? ווירע .
ווייל אִיהר גֵייט מִיט אִיהר זאהן .
ניטיל וֶוערְט בְּלַאס
הֶערְט ניטיל זאגְט מִיר וָואס דָא אִיז .
זִיא דָער צֵיילְט ניטלען דיא גֶעשִׁיכְטֶע וָואס בַּייא זִיא אִיז אָפְּגֶעגָאנְגֶען אוּנ ווִיא עֶר אִיז גֶעגְבִּייט פוּן אִיהרְט וֶועגֶען אִין פייער אוּנ אִין וואַסֶער צוּ גֵיין .
הֶערְט ניטיל זָאגְט ווירע , אִיהר גִידֵיינְקְט וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ לֵיינְגֶער גִיזָאגְט , אַז עֶר וֶועט נִיט אוֹיס פִירֶען גֶענִין די עֶלְטֶערין , עֶר מֵיינְט טַאקֶע רִיכְטִיג , אָבֶער אַז די עֶלְטֶערין וֶועלֶען שְׁטֶערֶען וֶועט עֶר בֶּעסֶער וֶוערִין , עֶר וֶועט זִיךְ אִיבֶּער בֵּייזֶערִין , אַלְזָא אִיז מַיין בַּאטְה אַז עֶר וֶועט קוּמֶען צוּ אַייךְ , זָאלְט אִיהר אִים אַרַיין פִירֶען אִין קְרָאם , אוּנ אִיךְ וֶועל מִיט אִים רֵיידֶען , וֶועלִין מִיר שׁוֹין זֶעהֶן וָואס דָא טוּט זִיךְ , אוּנ אִיהר וֶועט ווִיסֶען וואו אִיהר זֵייט אִין דָער וֶועלְט , אַזוֹי קָאנְט אִיהר קַיין מָאל נִיט ווִיסֶען וָואס אִיז מִיט אַייךְ .
נִירֶעכְט ווירע אִיךְ דַאנְק אַייךְ פַאר אַייעֶר אִינְטֶערִיסִירִין זִיךְ .



(ניטעל די קרעמערכע) 

# 8.

## משה מיט וועוו.

בייא נאכט אז משה איז געקומען צום קראם, זאגט ער. ניטיל.

נוא וואס הערט זיך?
דער ווייל איז קיינע נייס.
איך ווייס אז עס איז יא דא נייס.
משה ווערט בלאס.
דיינע עלטערין ווילען ניט, אמת משה.
הער ניטעלע, איך וויל מיט דיר וואס ריידען.
קום אריין אין קראם.
וואס רעדסטו ניטיל.
שרעק זיך ניט, זיא איז מיין בעסטע פריינדין.
ווער איז דיא זיא?
מיין מאדאם.
איך קאן אבער ניט אריין גיין.
שעם זיך ניט, זיא האט גיבעטען אז דו זאלסט אריין.
ווער איז דא אין קראם.
קיין פרעמדער מענש ניט.
ער גייט אריין מיט גיטלען.
נום גאוועגט.
נום יאהר, זיצט.

הערט גרינזאהן, איך ווייס אלעס וואס בייא אייך איז מיט ניטלען, אונז געבעטען איז דא געוועזן אייער מוטער מיט נאך אפבריילין, מען רופט איהר אסתר, ווייל איך האב גיהערט וויא אייער מוטער האט געזאגט, אסתר מיר קאנען גיין, אלזא וואס קאן זיין דער סוף פון אייערע רייד?

(גיטיל די קרעמערקע) הערט

הערט מאדאם, זאגט משה, דער סוף איז אז אויב זיא וויל, קאנען מיר צו פארען אין נוילייקא אונ מאכען א חתונה.

אבער אייערע עלטערען ווילען דאך ניט.

הערט גרינזאהן, מיר געפעלט דאס ניט אייער פלאן, איהר דארפט זיך פארשטעלין צום בייא שפיל עס איז שוין נאך דער חתונה, וואס וועט דאן זיין.

נוא ווירע זאגט איהר אייער מיינונג?

מיין מיינונג איז, אז וויא באלד איהר ווילט איהר נעמען, אונ איך זעה ארויס אז אייערע כייד זיינען ריכטיגע, דארפט איהר זיך ניט הילען, איהר האט ביידע צייט, אונ דאס וואס איהר האט מורא צו גיין פאר אייערע עלטערין פיליכט ווע‌לין זייא אייך אפ היטען, דארפט איהר אזוי טאן, אלע אווענד קומען צו מיר אין שטוב, אונ איהר וועט זיך דארטען קאנען די צייט פאר ברייננגען, קיינער וועט אייך ניט שטערין, עס איז דא גינוג צימערען וואס קיינער וועט ניט אריין צו אייך, אונ אז עס וועט זיך איין שטילען די מהומה, דאן וועלין מיר זעהן וואס צו טאהן, אונ פיליכט וועט דיא צייט מאכען אזא צופאל וואס איהר זאלט קאנען ערבייכען אייער ציעל.

איהר זייט גירעכט ווירע, מיר דארפען ניט חאפען, מיר קאנען גאר גיסט פאר זאמען, נאהר דאס וואס איך האב אייך אויף געגעבען מיין פלאן וועגען חתונה האבען, מיין איך גאהר גיטלען צו בערוהיגען, ווייל זיא קאן קלערין וויא באלד מיינע עלטערין וועלין דער ווייל ניט מיט שטימען מיט מיר, קאנען זייא מיר איבער ריידען, דארום וויל איך איהר ווייזען אז מיר איבער ריידען קאן מען שוין ניט, איין מאהל געזאגט איז שוין פאר פאלען, אפילו עס קאן זיך איבער קערין די וועלט.

ווירע זאגט ניטיל, מיר איז ערגער וויא אים, איך קאן ניט צו זעהן וויא ער ווייזט אויס, אונ וויא די עלטערין צאפען אים די בלוט, — הגם איך האב ניט גיהערט — דאך קאן איך זיך פארשטעלען אלעס.

(גיטעל די קרעסערקע) מיר

מיר זעהן בייא נאכט אז גיטיל איז ניקומען פון קראם , זיא האט שוין אפּ גינעסען פרעגט איהר די מוטער .

גיטיל וואס וועט זיין מיט דעם שידוך פון סאמינע ?

מיינע לעצטע דאגות זאל דאס זיין .

וויא מיר שיינט , דארף דאס זיין דאס ערשטע .

אטעות אין פּשט , אשׁפּאס וואס פאר אדאגה דאס איז ?

בייא דיר איז דאס גאר ניכט , אבער בייא אונז איז דאס אין גאנצען מיר מוזען אפּ שרייבען , עס פּאסט ניט .

איך וועל אזוי גיך ניט תּתונה האבען .

פאר וואס גיטיל ?

איך וועל ניט פאר זאמען די קאפּ צו פארדרייען .

רייד ניט קיין נארישע רייד , דו ביזט קלינער וויא די גאנצע וועלט ? אי גיטיל ! שטאלציר ניט צו פיל ! דאס איז פאר אונז א גוטער שידוך .

פאר אייך קאן זיין גוט , אבער ניט פאר מיר , אונ דורעט מיר ניט קיין קאפּ , אונ לאזט מיר צו רוה .

דו וועסט חרטה האבען , זאגט די מוטער , אונ איז ארויס פון שטוב .



## 9.

## אלע צו זאמען .

הער גדליה , זאגט די פרוי צו איהם , עס איז אבריף צו דיר . ער עפינט דעם בריף אונ לייענט איבער וויא זיין מוטער פון סערהאן שרייבט איהם , אז ער האט דא זיין ברודער שמואל גרינזאהן וואס איז גיוועזן פון ברסטען מאן , אונ ער וויינט אין זורעלע , אונ ער האט מיר גישריבען אז די מענ דארף זיין תנאים בייא זיין זאהן משה מיט א שווענערינס אטאכטער , דיא כלה רופט מען אסתר ,

אַ'זאַ ליבער קינד גייא אַריבער צו איהם, אונ ווערט באַקאַנט, איהר קאַנט זיך געווים ניט, ווייל אַז דו ביזט אַפּ געפּאָהרין פון מיר, ביזטו אַלט געוועזן פופצעהן יאָהר, אונ שמואל איז שוין ניט געוועזן צו הויזע.

הער ברײנע, זאַגט גדליה צו די פרוי מיר האָבען דאַ אַגוטען רוב מען דאַרף גיין ווערען באַקאַנט.

ווער איז דאָס ?

מיינער אַברודער פון איין מוטער, אָבער ניט פון איין פאַטער.

וואו וואוינט ער ?

אין זורעלע.

מיר וועלען אַלע גיין.

זייא טוען זיך אָן, אונ גייען אין קלויז אונ נעמען ניטלען אונ גייען.

פּאָטער וואו וואוינט דער ברודער דיינער ?

אין זורעלע ווייט פון דאַנען.

דו האָסט איהם לאַנג שוין ניט געזעהן.

אַז איך בין געוועזן אַקינד פון צעהן יאָהר, דאַן האָב איך איהם שוין ניט געהאַט די עהרע צו זעהען זיך מיט איהם.

זייא קומען אין זורעלע, אונ גייען אַריין אין שטוב.

דאַ וואוינט ר' שמואל גרינזאהן ? פרעגט גדליה?

דו דער קאַנסט מיר שמואל ?

ער ווערט צו שראָקען, ווייל ער הערט ווייא אַפרעמדער מענש זאַגט איהם דו.

ניין איך קאַן אייך ניט, זאַגט מיר ווער זייט איהר ? אונ דיא פרויען ?

ניטיל שטייט טויט ווייא אַמת, זיא זעהט ווייא משה מיט די מוטער אונ אסתר שטייען לעבין שמואלין, אונ באַטראַכטען וואָס דאָ איז.

(ניטעל די קרעמערקע) איך

איך האב דיר שמואל דער מאנט צו צוויי זאכין, ערשטינס אן די אויגין, צווייטינס אן דיין בארדאווקע וואס איז לעבען אויג.

אבער אום גאטעס ווילין, איך וויל וויסען ווער איהר זייט?

פאר וואס האב איך גיטראפין, טרעף אויך, וואס ביזטו דען גיט קיין מענש וויא איך, בפרט מיר זיינען ביידע פון איין מאמען...

אי גאט! נדליה!

געטראפען שמואל.

זייא פאלין זיך אויף די העלזער אונ קושין זיך, פיל טרערען איז גיווארען פארגאסען.

אלע שטייען אונ באטראכטין דיא שצענע, משה שטייט וויא צוטישמער, אויך ניטיל, אינ טרערען פליסען פון זייערע אויגען.

נדליה, דאס איז מיין פרוי, אט דער איז מיין זאהן משה.

זייא צו קושין זיך בריינדליך משה מיטען פעטער.

שמואל, דאס איז מיין פרוי, אונ דאס איז מיין טאכטער ניטיל.

די פרויען האבין זיך צו קושט, אויך די קינדער.

עס איז גיווארען בייא שמואלין אין שטוב ששון ושמחה, עס איז גיווארין גיגרייט אטיש מיט די בעסטע שפייזען, אונ מען האט זיך גיזעצט ארום טיש.

נדליה, דיין ניטעלע איז דאך אנאמען נאך דיא באבען? איהר צו לאנגע יאהר.

גיוויס, דו גידיינקסט איהר?

אהא, אזוי וויא היינט.

אונ דיין משה, איז אנאמען נאבין זיידין? אים צו לאנגע יאהר:

אזויא ווייזט דאס אוים.

הערט, זאגט משה'ם מוטער דער זיידע מיט די באבין זיינען גיוועזען אפאר, זאלען זייא אויך זיין אפאר.

גיוויס אזוי, זאגט שמואל.

הער נדלי' שוין לאנג וויא דו ביזט דא?

פינף יאהר איז שוין גיווארען.

(ניטיל די קרעמערקע)

נוא זאג אַליין גדלי׳ אין איין שְׁטָאט, און מען ווייס ניט
אַיינער פון צְווייטען.

איך וואָלט איצטער אויך ניט געוואוסט נאהר די מוטער האט
מיר גישריבן, אונ ער נעמט אַרויס דעם בְּרִיף און גיט שמואלין.

מיט וואס באשעפטינגסטו זיך גדלי׳ ?

מיט שטאַלעריי.

וויא גייט דיר.

גאט צו דאַנקען.

פָאטער, זאָגט משה. אט דאס איז די קְרֶעמֶערְקֶע מיט די
שְׁטאלערקע ווייזענדיג אויף גיטלען.

אויב אַזוי איז שוין נאר אַנדערש.

עס איז גיוועזען אין קורצען תְּנָאִים, נאָכְהער אַחתונה בייא משה׳ן
מיט גיטלען, אונ זיא איז גיוואָרען מאַדאם גרינזאהן.



## ענדע

### גיטל די קרעמערקע